Jagiellonskiy

„RADOMER-KIELCER LEBEN" 7 (197) „Należytość pocztowa uiszczono ryczałtem" פרײַז 25 גראָשען פּינפטער יאָהרגאַנג

# ראדאמער-קעלצער לעבען

הײַנט 10 זײַטען.

אדרעס
פון „ראַדאמער-קעלצער לעבען"

Redakcja i Administracja
„Radomer Kielcer Leben"
Radom, Szwarlikowska 20.

Oddział w Kielcach.

אַנאָנסען פרײַזן:
איין מילימעטער שורה: פאַר'ן טעקסט 20 גר.
„ „ „ אין „ 40 „
„ „ „ נאָכ'ן „ 18 „
די ערשטע און לעצטע זײַט ענטהאַלטען 8 שפּאַלטען
אין טעקסט 4 „

17-go lutego 1928 r. ◆◆ פאַר'ן אינהאַלט פון טעקסט אין די אַנאָנסען איז די רעדאַקציע נישט פעראַנטוואָרטליך ◆◆ ראַראַט פרײַטאָג כו' שבט תרפ"ח.

Koledze SEWKOWI
z intencji zaręczyn Jego
z p. Niutą Engelmanówną z Warszawy
serdeczne życzenia składa
*Natan.*
Kielce.

---

Z intencji zaręczyn
p. S. Klejmana
z p. Niutą Engelmanówną
serdeczne życzenia
składa *Edward Zagajski* Kielce.

---

Z intencji zaręczyn naszego kochanego kuzyna
**Salomona**
z p. **Niutą Engelmanówną**
serdeczne życzenia i wiele szczęścia
składają
Kielce Kuzynostwo Klejman.

---

אַ הערצליכען ברכת מזל טוב
אונזער ליבען שוואָגער קלײַמאַן
צו דער פערלאָבונג פון זײַער
זוהן ש ל מ ה
מיט פרל' ניאַטאַ ענגעלמאַן
אויס וואַרשאַ.
ווינשט מ. קופּפערבערג, פרוי
קיעלץ. און פאַמיליע.

---

Z intencji zaręczyn
p. **Salomona Klajmana**
— z p. —
**Niutą Engelmanówną**
serdeczne życzenia
składają
D. Balicki
M. Rubinsztajn.

---

Z okazji zaręczyn
p. *Salomona Kleimana*
serdeczne życzenia składa
**Maurycy Tenenbaum**
KIELCE.

---

אונזער פרײַנד ה' סאַלאָמאָן קלײַמאַן
צו זײַן פערלאָבונג מיט פרל'
ניוטאַ ענגעלמאַן
שיקען מיר די הערצליכסטע
גליקווינשען.
מ. לימאַן און פרוי.

---

דעם ה' יצחק קלײַמאַן און פרוי
צוליב די תנאים פון זײַער זוהן **שלמה**
מיט פרל. נ. ענגעלמאַן
ווינשען מיר מזל-טוב.
די פערוואַלטונג
פון בית יתומים אין קעלץ.

---

אונזערע פרײַנד יצחק קלײַמאַן
און פרוי צוליב די תנאים
פון זײַער זוהן שלמה קלײַמאַן
מיט פרל. ניוטאַ ענגעלמאַן
ווינשען מיר אַ הערצליכען מזל טוב
קעלץ. מ. לימאַן און פרוי

---

את חברי וידידי שלמה קלײַמן
לרגלי ארושיו את העלמה הנכבדה
מרת ניוטא ענגעלמאַן מורשה
הרני מברך בברכת מזל טוב חמה.
קילצי. צבי מושקוביץ

---

א הערצליכען מז"ט ווינשען מיר
ה' יצחק קלײַמאַן און פרוי צוליב די תנאים
פון זײַער זוהן שלמה מיט פרל. ניוטא ענגעלמאַן אויס וואַרשאַ.
קיעלץ. יוסאַ און יודל ראַטענבערג און פרוי

---

אַ הארציגען ברכת מזל טוב
וואונשען מיר אונזער געעהרטען
פרײַנד יצחק קלײַמאַן און פאַמיליע
צוליב די פערלאָבונג פון זײַער זוהן
שלמה מיט פר"ל ניוטא ענגעלמאַן
יזכו לראות מהם רוב נחת ובנין עדי עד.
שץ ראשי דפה קיעלץ
ישראל וויינער ורעיתו.

---

אַ הארציגען ברכת מזל-טוב,
גליק און עביגעס צופריעדענהייט
וואונשען מיר אונזער פרײַנד
יצחק קלײַמאַן
צוליב די פערלאָבונג
פון זײַן זוהן ש ל מ ה
מיט פר"ל ניוטא ענגעלמאַן
וואָלף קלוסקאַ און פרוי
קיעלץ.

---



---

Koleżance naszej
Chasi Tauberównie
z powodu przedwczesnego zgonu
JEJ
**OJCA**
wyrazy głębokiego współczucia
składają Mania i Andzia.
Kielce.

---

Kochanej mojej koleżance Feli
oraz stroskanej rodzinie
z powodu przedwczesnego zgonu
**OJCA i MĘŻA Ich**
B. P.
**Zysla Taubera**
wyrazy szczerego współczucia.
Estera Maliniakówna.
Kielce.

---

p. FELI TAUBERÓWNEJ
z powod śmierci
JEJ OJCA
szczere współczucie
wyraża
*Isachar.*
Kielce.

---

Rodzinie TAUBER
z powodu śmierci Ich
**MĘŻA i OJCA**
wyrazy współczucia
składa
**S. M. EISENBERG**
Kielce.

# פרייע וואהל-טריבונע.

## פריינדשאפט צו דער רעגירונג, אבער ביי וועלכע אומשטענדען?

פון דר. י. ראזענבלאט.

ס'ווערט איצט פיל גערעדט וועגען דער שטעלונג, וואס דאס נאציאנאלע אידענטום נעהמט אן בנוגע דער איצטיגער רעגירונג. ווען מ'רעדט וועגען דער רעגירונג, מיינט מען אייגענטליך איהר צענטראלע פיגור — פילסודסקי.

פילסודסקי אלס קעמפער פאר דער דער פוילישער זעלבסטשטענדיגקייט האט גראד ביי אונז, וועלכע האבען די ערשטע ארויסגעשטעלט דעם לאזונג פון דער יודישער נאציאנאלער פרייהייט, געפונען טיפע סימפאטיע. נאך דער מאי איבערקעהרעניש האט דער ציוניסטישער טייל פונ'ם יודישען קאלא אפען און לאיאל אונטערשטיצט די פלענער פון פילסודסקי!

ס'איז זעהר כאראקטעריסטיש, אז די עלעמענטען, וואס זענען היינט אזוי שטארק פאר דער רעגירונג, האבען אין קאלא בעטראכט פאר א גרויסען פעהלער דאס שטיצען דעם מענשען, וועלכער האט „געמאכט א רעוואלוציע". אונזער שטעלונג צו דער רעגירונג פון מארשאל פילסודסקי האט זיך נישט געענדערט. מיר וועלען אונטערשטיצען יעדע פוילישע רעגירונג, וועלכע וועט שטעהען אויף אנ'עכט דעמאקראטישער פלאטפארם בכלל און וועלכע וועט זיך ערקלערען פאר גרייט צו ערפילען די בערעכטיגטע פאדערונגען פונ'ם יודישען פאלק.

מ'מיז אבער קאנסטאטירען, אז עד היום האט די רעגירונג נישט ערפילט די ערווארטונגען, וועלכע מיר האבען געהאט. מיר הערען זייט א יאהר צוזאגען, אבער קיין רעאלע רעזולטאטען האט מען ביז איצט נישט געזעהען. די פאליטיק פון נאציאנאלען יודענטום אין פוילען איז אנ'אפענע און א קלארע. דא איז נישטא קיין פלאץ פאר פאליטישע מאכינאציעס און פאר „אינטריגע"-אבמאכען. מיר פאדערען די פולסטע גלייכבערעכטיגונג אויף אלע געביטען, כדי דאס יודישע לעבען זאל קאנען אננעמען נארמאלע פארמען.

מיט אייניגע חדשים צוריק האבען די געוועזענע ציוניסטישע דעפוטאטען און סענאטארען זיך געווענדעט מיט א מעמאריאל צום פרעמיער-מיניסטער. אינ'ם מעמאריאל זענען גענוי פארמולירט געווארען די פינקטען, וועלכע די רעגירונג האט עד היום נישט דערפילט בנוגע די יודען. אין דער ווירקליכקייט זעהען מיר, אז אפילו פיל גזרות נאך פון די רוסישע צייטען זענען נישט בעזייטיגט געווארען, הגם זיי ווידערשפרעכען דער קאנסטיטוציע. הגם מ'האט פערהאנדעלט אינ'ם דאזיגען ענין זייט 9 יאהר מיט אלע פוילישע רעגירונגען. למשל, אויפ'ן פאפיר עקזיסטירט נאך דער פערבאט פאר יודען צו וואוינען אין די דערפער. די אלע זאכען קענען דאך אבגעמעקט ווערען מיט איין פעדער-שטריך.

מיט עטליכע וואכען צוריק האט די פרעסע געבראכט א נאטיץ, אז צום לייטער פון דער לובלינער פאסט-דירעקציע האט זיך געווענדעט א דעלעגאציע, וועלכע האט פערלאנגט אנצונעמען יודישע אנגעשטעלטע. דער פאסט-דירעקטאר זאל האבען געענטפערט, אז ס'עקזיסטירט א געהיימער צירקולאר, לויט וועלכען ס'איז פערבאטען אנצונעמען יודישע אנגעשטעלטע אין איינציגע פאסט-דירעקציעס; ווען דער צירקולאר וועט ווערען צוריקגערופען, וועט ער פון זיין זייט קיין שוועריגקייטען נישט מאכען.

אט דא האבען מיר א כאראקטעריסטישען ביישפיעל פון דער יודישער לאגע. אויב ס'עקזיסטירען אזעלכע צירקולארען, פארוואס זענען זיי ביז איצט נישט בעזייטיגט געווארען.

דאס יודענטום ליידט שרעקליך אונטער דער לאסט פונ'ם אונגערעכטען שטייער-סיסטעם. פארוואס ווערט נישט רעפארמירט דאס דאזיגע סיסטעם, וואס רואינירט גראד די יודישע בעפעלקערונג? מיט הבטחות אליין קענען מיר זיך נישט בעגנוגענען. די פערבעסערונג פון דער אלגעמיינער ווירטשאפטליכער לאגע אין איינגעשלאגען נישט אויסשליסליך פאר יודען. צי די פערבעסערונג אין א פערדינסט פון דער היינטיגער רעגירונג, צי נישט-אויף דעם וועלען מיר זיך נישט אפשטעלען. א פאקט בלייבט אבער, אז ביי אלע בעשרענקונגען פאר יודען וואס עקזיסטירען אין לעבען קען אונזער עקאנאמישע לאגע נישט ראדיקאל געענדערט ווערען.

ס'אונטערליגט נישט קיין שום ספק, אז ווען די רעגירונג וועט ארויסווייזען איהר גוטען ווילען אדורכצופיהרען די פולע יודישע גלייכבערעכטיגונג, וועט זי געפונען די פולע אונטערשטיצונג ביי דער יודישער פארלאמענטארישער פערטרעטונג.

יעדענפאלס קענען מיר נישט איינגעהן אויף א בעשרענקונג פון די רעכט פון דער פאלקספערטרעטונג: ערשטענס, איז עס א מכנה פאר דער מלוכה בכלל און צווייטענס, איז א דעמאקראטיש סיסטעם די איינציגע מעגליכקייט פאר יודען צו זיכערען זיך זייערע רעכט. נאר פון אנ'אפענער טריבונע קען א יוד פאדערען דאס, וואס ס'קומט איהם און פערטיידיגען זיינע רעכט.

דאס, וואס ס'קומט איצט פאר אין לאנד, ערוועקט א געוויסע אונצופריעדענהייט, בפרט צווישען יודען. ס'קומט אויס, אז מיר זאלען זיך אפזאגען פון דער מעגליכקייט ארויסצוזאגען אונזער מיינונג. מ'מישט זיך אריין אין די וואהלען אויף אזא אופן, אז מ'מוז זיך פרעגען, צי האט דער יוד דאס רעכט צו וועהלען אזוי ווי ער וויל און וועמען ער וויל, אדער צי מוז ער אויספיהרען דאס וואס מ'הייסט איהם.

מיר האפען, אז אזא אונמעגליכע סיטואציע וועט אויפהערען, מ'וועט איינזעהען, אז אזעלכע מיטלען זענען בעליידיגענד פאר אונז, יודען, און אז זיי זענען ציעקלאז, ווייל זיי פיהרען צו גאנץ אנדערע „רעזולטאטען, ווי מ'וויל דערגרייכען און די סיטואציע מוז געענדערט ווערען, כדי די אינצופרידענהייט זאל אויפהערען; דאמאלס וועט די יודישע פארלאמענטארישע פערטרעטונג זיין אימשטאנד פריינדליך צו רעדען מיט דער רעגירונג און זי אונטערשטיצען אין אלע שריט, וועלכע וועלען זיין נוצליך פאר דער מלוכה בכלל און פאר די יודען בפרט.

(■ ■ ■ ■)

# כ'געה אליין...

ווי איהר ווייסט, האב איך פערגאנגענע וואך געזוכט א ליסטע מיט א בכבוד'ען פלאץ, איך האב אנגעטאפט אלע בלאקען, כ'האב בעלייגט מיינע קוואליפיקאציעס צוזאמען מיט דער „רעוואלוציע" פון מיין פעראיין, וואו איך בין דער פרעזעס, כ'האב אנגעוויזען אויף מיינע גרויסע „פערדינסטען" פארן „כלל ישראל"... האט מען מיך גאנץ פיין אויפגענומען, געבעטען זיצען, געהייסען מיך אונטערשרייבען די ליסטע, מ'האט מיר געווינשען „מזל טוב".

קום אהיים, דערצעהל מיינע בני בית, אז איך בין שוין א דעפוטאט, ווערט א שמחה א גדולה. מיין פעסעלע, זאל געזונד און שטארק זיין, איז באלד אריין צו דער שכנ'טע מיט א צופלאמט פנים: ביילעשי קרוין, ווינשען זי מיר מזל טוב, מיין שמעלקע איז שוין א דעפוטאט!

מיין פעסעלע האט באלד די פריילעכע בשורה איבערגעשיקט דורך איהר „ראדיא אפאראטעל". תיכף האבען זיך גענומען שיטען שכנים און שכנות, קרובים און קריבות פון זיבענטען דור, דער געוועלבער, דער קצב, וועלכע פלעגען מיר מיט די ביכלעך אין די הענד יעדען פריהמארגען מאכען א „מי שבירך" זענען מיר געקומען „פשעפראשען" און האבען מיר פייערליך ערקלערט, אז זיי עפענען איצט פאר מיר א אומבעגרעניצטע קאנטא, אלע האבען מיר געדריקט די האנד און געווינשען: מזל-טוב. די ווייבער האבען זיך מיט פעסעלען געקושט און זיך געווינשען.

אויך מיינע טעכטער האבען גענימען בלאזען פון זיך. אפילו מיין עלטסטע בוגרות, וואס האט זיך שוין צום זיבעטען מאל איבערגעפארבט די האר, האט גענומען גאר אנ'אנדערען טאן; און ס'איז דאך טאקע קיין חידוש: — „צורקא פאנא פאכלא"!

א גאנצען טאג איז געשטאנען אויפ'ן טיש ס'פלעשעל ליקער מיט'ן איבערבייסעכץ, מיט יעדען האב איך געטרינקען „לחיים". די טיר האט נישט גערוהט. געסט און געגנט. אריין און ארויס, מען האט מיך בעשיט מיט קאמפלימענטען. ווייבער האבען מיר צו-

# ווער איז גערעכט?

## (אויפקלערונגס-ארטיקעל).

צו א גרויסער איבערראשונג האָט מיך געבּרענגט די ג. רעדאקציע פון „ראדאָמער-קעלצער לעבען“, ווען כ'האָב דערהאַלטען צוגעשיקט דעם המשך פון מיין אַרטיקעל געדרוקט אין נומער 195 אונטער'ן נאָמען „הבטחות ביי װאָהלען און די רעאלע ווירקליכקייט“ און דער-זעהען דאָרט צוויי, דורכ'ן רעדאקטאר, געענדערטע שטעלען פון דעם אויטענ-טישען מאַנוסקריפּט מיינעם, א זאך, וואָס איז דאָס ערשטע מאָל געשעהען, אויב דאָס איז נאָך װעניג געווען האָב איך נאָך, אלס צולאָג, בעקומען א צווייטען כיזורפּרין. איך האָב דאָרט דער-זעהען, אלס בעמערקונג, אונטער א שטערנדעל (*). אז די רעדאקציע איז נישט מסכים מיט א טייל פון מיינע אויספיהרונגען אין אויבּענדערמאָנטען אַרטיקעל. די דאָזיגע רעדאַקציאָנעלע בעמערקונג איז שוין זיכער עלול אריינ-צופ'הרען דעם פּשוט'ען לעזער אין א טעות אין דעזאָריענטאַציע נישט ווי-סענדיג מיט וועלכען טייל פון מיינע אויספיהרונגען האָב איך עס נישט גע-װינען די הסכמה פון דער רעדאַקציע.

דעריבער האָלט איך פאר נויטיג צו געבען אויף דעם אָרט אָ געהעריגע אויפקלערונג, כדי צו בעלויכטען דעם ענין. די זאך איז אזוי: איך האָב גע-ציעלט צו בעווייזען אין מיין אַרטיקעל, װי װיכטיג און גרויס עס איז דער כח פון די ברייטע פאָלקס-מאַסען און ווי געוואַלדיג ס'איז דער שאָדען, וואָס עס ברענגען אונז די פאלשע בעלי-הבטחות פון דער גמינע און שטאָדט-ראט (אָבער נישט פון סיים!). וואָס א דאנק זייער אויפ-פירונג ברענגען זיי דערצו. אז די מאָסען פאַלען ארונטער אונטער דער השפעה פון די לינקע „פערזאָרגער“. איך גיב מיר דאָרט אָב רעכנונג דערפון. ווי גרויס עס איז דער פערלוסט וואָס די ברייטע אונדיפערענטע פאָלקס-מאָסען געהען פערלוירען פון יודיש-בירגערלי-כען לאגער, אריינשטויסענדיג זיי בידים אין דער לינקער מחנה.

אגב מוז איך בעמערקען, אָז קריטי-קירענדיג די טעטיגקייט פון די „אויס-דערוועהלטע“ אין דער גמינע און שטאָדט-ראט האָב איך דעם סיים אונ-בעדינגט נישט געקאָנט מיינען, ווייל די סיים-פאָרשטעהער אונזערע, וועלכע קאנדידירען אויך יעצט אויף דער ליס-טע נומער 18 פון נאַציאָנאַליסטען-בלאָק, האָבען שטענדיג מוטיג און מיט שטאָלץ פערטיידיגט די אינטערעסען פון גאנצען פוילישען יודענטום. די זאך קאָן נישט אונטערליגען קיין שום ספק.

איך האָב נישט געהאט בדעה צו צערט-לען אין פאַװאָריזירען אונזערע לינקע עלעמענטען, אָבשאצענדיג דעם גרויסען שאָדען, וואָס זיי ברענגען דעם כלל ישראל און דעריבער האָב איך וועגען זיי געשריבען אין מיין מאַנוסקריפּט די פאָלגענדע צוויי שטעלען:

1) ...„די נאָאיווע פאָלקס-מאסען, זייענדיג ענטטוישט און פערפיהרט פון די פאלשע הבכחות, וואָס עס

האָבען א מאָל געגעבען די אלטע ביוראָקראַטישע „מאָנראַטאָרען“ און „פּאָליטיק מאכערס“, ווערען אויס-גענוצט דורך פערשידענע דעמאָגאָ-גישע וואַהל-מיטלען, וועלכע ווע-רען אָנגעווענדעט אין וואהל-קאַמף, און פאלען דעריבער אריין אלס שלל, דורך די רויב-פייגעל און אגי-טאטאָרען פון לינקס, אין די אָרעמס פון די לינקע „פערזאָרגער“, פאַ-לענדיג ווידער אין זייער נעץ אריין“...

2) „אָגב קען מען היפּאָטעזירען, אָז אויך דאָרט ביי די לינקע וועט דער װעהלער, דער מאסען-מענש, לאָנג נישט פערבּלייבען. ער װעט זיך ביסלעכווייז איבערציינען, אז אויך ביי די לינקע איז דער גאַנצער „אמת“ נישטאָ, אז ערשט דאָרט בלאָפט מען און מען גיט װייטגע-הענדע הבכחות גלאט אין דער וועלט אריין און דערפאר װעט ער אויך פון זייערע רייהען ענדליך אין איין אימפעט אנטלויפען. פאָרלויפיג איז, עס זייערס א „סעזאָן-נצחון“. ער וועט אָבער לאָנג נישט דויע-רען!“

די רעדאָקציע האָט אָבער גע-וואָלט וואוילגעפעלען און קאָקעטירען די לינקע האָט זי דערפאר גענומען און געענדערט, אָהן מיין וויסען און הסכמה, די דערמאָנטע צוויי שטעלען לויט איהר איינזעהען אויף דעם פאָל-גענדען אופן, ווי זיי זענען אָבגעדרוקט געוואָרען:

1) ... „די נאאיווע פאָלקס-מאָסען, זייענדיג ענטטוישט און פערפיהרט פון די פאָלשע הבטחות, וואָס עס

האָבען א מאָל געגעבען די אלטע ביוראָקראָטישע „מאַנדאַטאָרען“ און „פּאָליטיק-מאכערס“, ווערען אויסגע-נוצט דורך פערשידענע דעמאָגאָגישע וואהל-מיטלען, וועלכע ווערן אָנגעווענ-דעט אין וואהל-קאמף. און פאלען דע-ריבער אריין אלס שלל, דורך די אָגי-טאציע-לאָזונגען פון לינקס. אין די אָרעמס פון די לינקע גרופּירונגען, פאָלענדיג אונטער זייער השפּעה“...

2) „אגב קען מען היפּאָטעזירען, אז אויך דאָרט ביי די לינקע וועט דער װעהלער, דער מאָסען-מענש, לאנג נישט פערבלייבען. ער וועט זיך ביס-לעכווייז איבערציינען, אז אויך ביי די לינקע איז דער גאנצער אמת נישטאָ, און דערפאָר איז מעגליך, אז פון יענעם לאָגער זאָל ער סוף כל סוף דעזערטירען. פאָרלויפיג איז עס זייערס אָ „סעזאָן-נצחון“.

דאָס איז אָבער, ווי שוין געזאָגט, אָבגעטהין געוואָרען גענען מיין ווילען.

נאָך מעהר פערדריסליכער איז אָבער דאָס, וואָס נישט בעגנוגענדיג זיך מיט די דורך איהר געמילדערטע שטעלען האָט די ג. רעדאָקציע נאָך געפונען פאר נויטיג מוסיף צו זיין פון איהר זייט די אויבענדערמאָנטע בעמערקונג אונטער'ן שטערנדעל.

איך האָב דעריבער בעשלאָסען ארויסצוטראָגען פאַר דער עפענטליכקייט אונזער שטילען ליטערארישען קאָנפליקט, כּדי דערמיט צו געבען דעם לעזער-פּובליקום א געלעגענהייט ארויסצוזאָגען זיך ווער עס איז גערעכט.

**ברוך נײַמאַן (ב״ן).**

---

געזאָרפען זייערע ליבליכע בליקען. איך אליין בין אויך געווען אין זיבעטען הימל: א קליינינקייט, אזא בעגליקעניש, איך שמעלקע, א סיים-דעפּוטאט!..

בין איך אראָבגעגאנגען אויפ'ן הויף, האָט מיך מיין גוי'עשער הויז-ווירט, וואָס טראָגט זיך שוין ארום מיט אנ'-עקזעמפּלאַר אין דער טאַש, העפליך בע-גריסט, האָט מיר אָנגעגעבען דעם ברייטען „מאָיע אושאנאָוואניע פּאניע פּאָשליע“. אפילו דער סטרוזש האָט, דערזעהענדיג מיך, אויפגעכאַפּט דעם בעזים און בויגענדיג זיך אין דרייען, געצויגען דאָס היטעל ביז צו דער ערד.

שפּעטער, אז דער יאָרמאַרק האָט זיך א ביסעל אָנגעשטעלט און איך בין געבליבען אליין, האָב איך מיר גענו-מען אויסאַרבייטען מיין ארבייט'ס-פּלאַן, ווי אזוי איך וועל מיר זיצען אין סיים אויף א ווייך געבעטען פּאָטעל. ווי איך וועל זיצען פּנים אל פּנים מיט מיניס-טאָרען, מאגנאטען, שררים און פּריצים, ווי איך שמעלקע, וועל האָבען א דעה איבער דעם מלוכה-בודזשעט. ווי איך וועל פאר יעדען פּאָליציאַנט מיך לע-גיטימירען מיט מיין סיים-קאָרטע, ווי איך וועל אריינגעהן אין יעדען „אויטאָ-שאַסטאָק“ און זיך אָדורכשמועסען מיטן פּוטשאָוואָניק. אפילו מיט'ן קאָמיסאר, ווי פיין מ'וועט מיך אויפנעמען, כ'איז דאָך נישט קיין קליינינקייט — „פּאָסעל נא סעים“.

פאר מיינע אויגען האָט זיך מיר שוין פאָרגעשטעלט, ווי איך קום צו דער באָהן שוין נאָכ'ן דריטען „דוואָ-נעק“, ד. ה. ביים „אָדיעזד“. איך האָב פרעג נישט ביי קיינעם. דאַרף זיך נישט שטעלען אין „אָגאָנעק“ ביים בילעטען-פענסטערל, כ'געה מיר גלייך ארויף אויפ'ן באַהן-הויף, עפען מיר אויף די ערשטע בעסטע טהיר פון דער ערשטער קלאָס און איך פאָהר.

דאָס אַלץ האָט זיך מיך פאָרגע-שטעלט אזוי בולט, איך בין געווען גליקליך פון דעם גלענצענדען איינ-פאָל מיינעם דאָס מיין איך דערמיט, וואָס איך בין פּ'זעס פון אָ פעראיין און אלע 12 מיטגלידער האָבען אונ-טערשטיצט מיין „רעזאָלוציע“.

נאָר, ווי זאָגט איהר — דער שכל איז א קייכער. ער קומט אייביג צו א ביסעל צו שפּעט. אַמאָהל פּע-פּירט דער שכל אָזעק קיין בויבעריק. איהר האָט פון איהם צו זינגען אין צו זאָ-גען.

אויך איך האָב מיך דאָס מאָהל א ביסעל בענארישט. צו פרי האָב איך מיין פעטעלען אָפּגעגעבען מזל-טוב. אויך מיין פעטעלע האָט צו פרי פו-נאנדערגעשיקט די „כוואַליע“. א ביסעל צו פרי געמאַכט קאָמפּלימענטלען, דער ווירט מיט דער עקסמיסיע אין דער טאַש האָט מיך אָ ביסעל צו פרי בע-גריסט און דער סטרוזש האָט פאָר דער צייט אוועקגעוואָרפען דעם בעזים און ס'היטעל אין דרייען געבויגען געצוי-גען ביז צו די ערד. א ביסעל צו פרי רבותי. איך בין נאָכנישט קיין דעפּו-טאט.

וואָס איז געשען ווילט איהר וויסען אט וואָס ס'איז געשען:

ביינאַכט, אז מיר האָבען זיך געלייגט

# אלץ וואס איז נישט = יודיש איז גוט.

מיר האבען זיך לעצטענס געוואלט איינרעדען, אז די אסימילאציע איז בעזיעגט, אז מיט'ן ערוואכען פון נאציאנאלען בעוואוסטזיין איז געשלאגען געווארען דער פרעמדער נישט־יודישער איינפלוס אין יודישען לעבען. אונזערע אויספיהרונגען בנוגע דער פערשווינדונג פון דער אסימילאציע האט אונז צו־ווייט פערפיהרט און פריהצייטיג בעשאפען פאר אונז די אילוזיע, אז ס'איז שוין נישטא וואס צו שרעקען פאר איהר און אז מ'קאן שוין דרייסט זאגען נאך איהר א רבנן־קדיש.

אזוי איז אין פלוג אנגענומען. אין דער ווירקליכקייט אבער איז די מיינונג וועגען א פולשטענדיג געשטארבענער אסימילאציע אביסעל צו־איבערטריבען. אמת, אין די לעצטע 10—15 יאהר, אדער דיכטיגער, מיט דער פערענדיגונג פון דער גרויסער וועלט־מלחמה, אין יאהר 1917, האבען ערוואכט אונטערדריקטע פעלקער און לענדער און צוזאמען מיט זייער אויפשטעהן תחית המתים האט אויך דאס יודישע פאלק אויפגעוואכט פון זיין צוויי־טויזענד־יעהריגען דרימעל און איז צוגלייך מיט אלע פערשקלאפטע און אונטערטעניגע געקומען צום גרויסען גערעכטיגען וועלט־משפט און געמאהנט און געפאדערט מיט שטאלץ און ווירדע זיינע בערויבטע רעכט אלס מענש און יוד. אמת, דער נאציאנאלער געפיהל האט זייט דעמא"ס אריינגעדרונגען טיעף אין יודישען הארץ און, דערהויבענדיג עס אויף א העכערע מדרגה אריינגעבלאזען אין די עצמות היבשות א אויפשטראהלענדיגען פונק פון א בעסערע געגענווארט און א ליכטיגערע צוקונפט. אמת, אז אט דער רוח חיים און ליכטיגער שטראהל האט דעם יוד ארויסגעריסען פון זיין שפלות און איהם נישט געלאזט אריינפאלען אין די ארעמ'ס פון אסימילאציע, וועלכע האט אויף איהם געלאקערט, וועלענדיג איהם פאנגען מיט דער לאקריץ־זיסער איינרעדעניש, אז ווי נאר ער וועט זיך אסימילירען און צונויפגיסען זיין גייסט און נשמה אינ'ם שמעלץ־טאפ פון די אומות העולם וועט קומען אויף איהם די אבסאלוטע ערלעזונג, די גאולה שלימה און ער וועט בעפרייט ווערען פון אלע רדיפות און נסיונות.

גאנץ ריכטיג. דער ווערסאלער טראקטאט און דער אקט פון סאן־רעמא האבען בעוויזען, אז ביים איינפיהרען יושר אויף דער וועלט, אז ביים אומקעהרען די פערקנעכטעטע פעלקער זייערע טעריטאריעס, זייערע רעכט, זייער זעלבסטשטענדיגקייט, האט מען אויך נישט פערגעסען אן יודישען פאלק. און אפילו בלויז דאס ארויפנעמען די יודען פראגע אויפ'ן גרינעם טיש פון די וועלט־שופטים האט אויף אזוי פיעל אויפגעמונטערט דעם יוד, אז ער האט זיך אפגעשאקעלט פון די אסימילאטאריש־געפרעדיגטע טעאריעס און מיט'ן גאנצען אייפער און פייער פון זיין נשמה האט ער זיך אריינגעווארפען אין דער נאציאנאלער בעוועגונג.

אמת. אבער אזוי איז נאר געווען אין אנפאנג, ווייל מ'האט געגלויבט אין א שנעלער אויפריכטונג און בריטען מאסשטאב פאר דער יודישער געגענווארט און צוקונפט. קוים האט זיך ארויסגעוויזען, אז דער בעפרייאונגס־עטאפ פון יודישען פאלק הויבט אן געהן מיט שווערליכע טריט האט די אסימילאציע צוריק אנגעהויבען דעם קאפ און אויף ס'נייע קאפויער געשטעלט אויף דער טאג־ארדנונג, מיט דעם אונטערשיד, וואס יעצט האט זי זיך אנגעטהון א נאציאנאלען שלייער און ערשיינט דוקא אין די רייהען און די מכלומרשטע נאציאנאל־געשטימטע קרייזען.

און אט די אסימילאציע איז פיעל געפעהרליכער און שרעקליכער, ווייל זי געהט היינט גרימירט און איהר פרצוף איז א פערשידענארטיגער. א מאהל טראגט זי בארד און פאות, און אמאהל ווארפט זי אויף זיך ארויף די מראה פון בלאה־וויס. זי נוצט אויס גלענצענד די סיטואציע און פאסט זיך זעלטען צו צו דער שטימונג. ציהט ארויף אויף זיך פערשידענע פארבען און קרעאציעס און לעגיטימירט זיך מיט א הכשר פון רעליגיע און נאציאנאליזם. אט פרובט למשל א שפאציער מאכען צו אונזערע פערזארגער און פיהרער. לאמיר פארלויפיג רעדען פון אונזערע היימישע און ארטיגע שעהנע יודען און מנהיגים, מאכט אויף טשעקאידעס א שפאציר צו אונזערע חסידישע פני און פארשטעהער, אדער צו אונזערע נאציאנאל־געזאנענע פארשטעהער אין די שטובען און איהר וועט איבעראל נישט הערען

## ערקלערונג.

מיר ערקלערען, אז די בעמערקונג פון דער רעדאקציע וואס אנבעלאנגט דאס ארטיקעל פון ג. מחבר ב. ניימאן, איז נוגע נאר די שטעלען, וועגען וועלכע ער רעדט יעצט אין זיין אויפקלערונג'ס־ארטיקעל. ווייטער מיט אלע זיינע איבריגע אויספיהרונגען און אינהאלט פון זיינע פריהערדיגע צוויי ארטיקלען זענען מיר פולשטענדיג מסכים. וועגען ה' ניימאנ'ס פירושים און אויסטייטשונגען צוליב וועלכע טעמים מיר האבען צוגעגעבען אונזער בעמערקונג וועלען מיר רעדען א צווייט מאהל.

די רעדאקציע.

---

שלאפען. און ווען איך, האב שוין מיט האלב פערמאכטע אויגען גענומען פאנטאזירען מיין דעפוטאטישקייט, דופט זיך צו מיר אן פעסעלע:

— שמעלקע, דו שלאפסט?

— ניין. פעסעלע, זאג איך — איך דרימעל.

— זאג מיר נאר, שמעלקע, איך האב דיך פון גרויס שמחה, זאגט זי, גאר פערגעסען צו פרעגען, אויף וועלכען פלאץ שטייסטו?

ווי זי האט מיר א זאג געטהון „פלאץ", האט מיר באלד א זעץ געטהון אין הארץ:

— זעסטו, פעסעלע, האב איך האלב שטאמעלדיג געענטפערט, דאס האב איך גאר בשעת הדוה פערגעסען זיי צו פרעגען.

מילא די נאכט וויניש איך נישט מיין גרעסטען שונא. איך האב מיך געווארפען ווי א שלאנג, מיין פעסעלע האט מיך געיאדעט און געגריזשעט: שמעלקע בלייבט שמעלקע. האט זי א גאנצע נאכט געמורמעלט — א מענש זאל נישט זעהן, אויף וועלכען פלאץ ער שטעהסט!...

קוים דערלעבט דעם טאג, אפגעדאווענט פון פארנט, אוועק צום קאמיטעט, לויף גלייך אריין צו איינעם א „מאכער" און גיב איהם א פרעג: פאניע דריידעלמאן אויף וועלכען פלאץ שטעה איך?

— וואס איז אייך, פרעגט מיך דער קאלטער נזלן, די נפקא מינהז אבי איהר זענט, זאגט ער, אויף דער ליסטע.

— וואס הייסט? — ווער איך שוין אין כעס — איך וויל וויסען אויף וועלכען פלאץ איך שטעה!

דערזעהן, אז ס'איז פקוח נפש. מישט ער אויף דאס ספר הזכרונות און ווייזט מיר מיט'ן פינגער אויף דער ליסטע.

ס'זאל אזוי, הערט איהר, מיינע שונאים שווינדלען אין קאפ, ווי מיר האט גענומען שווינדלען פאר די אויגען, ווען ער האט מ'ר געוויזען מיין „פלאץ", איהר ווייסט, אויף וועלכען פלאץ איך שטעה — אנו, טרעפט! איהר וועט נישט טרעפען: — אויפ'ן 31־טן!...

מילא, וואס איך האב אריינגעכאפט פון מיין פעסעלען בין איך שוין אייך מוחל, און זי איז דאך כשר גערעכט. ווי לאזט מען זיך עפיס אזוי אריינפדרייערען? א מענש, א פרעזעס, מיט א רעזאלוציע פון 12 „טשלאנקעס", א חוץ דעם „זאזשאנד", אויפ'ן 31 פלאץ!...

אז איך האב געזעהן, ווי אזוי מ'האט מיך גענומען „אויפ'ן זיכער", בין איך אוועק אין סעראיין, ווידער צוזאמענגענומען דעם „זאזשאנד" מיט מיינע צוועלף געשוואוירענע „טשלאנקעס", כ'האב אפגעגעבען א „ספראוואזדאניע" פון מיין דורכפאל און ס'איז ווידער „יעדנאגלאשניע" פון דער גאנצער „זעבראניע" אנגענומען געווארען א צווייטע רעזאלוציע: ארויסצוגעהן מיט אנ'אייגענע ליסטע מיט א ליסטע וואו איך, שמעלקע פרעזעס, פיגוריר שוין אויף אנ'אמת אויפ'ן ערשטען פלאץ. אויף דער „ליסטע" האבען זיך אונטערגעשריבען אלע „טשלאנקעס" מיט די ווייבער און קינדער, און א ליאדע טאג וועל איך שוין אם ירצה השם האבען א נומער פון מיין ליסטע. מיין ליסטע וועט טראגען דעם נאמען: „צושפאלטענער בלאק פון בע'עולה'סע סיים־קאנדידאטען".

איי, וואס איז מכח א מאנדאט? — פרעגט איהר. צי רעכען איך טאקי צו בעקומען די נויטיגע צאהל שטימען פון מיינע 12 אקטיווע טשלאנקעס? — ווער רעכענט דען איצט אויף א מאנדאט? איך גיה דאך נאר קאליע מאכען... „אפציהען" שטימען פון מיינע געגנער. דאס איז איצט מיין אויפגאבע. אויב איך, שמעלקע, וועל זיצען אינדערהיים זאלען יענע „מאכערס" אויך האבען א פייג...

הקיצור רבותי, איך געה מיט אנ'אייגענע ליסטע און דוקא אויפ'ן ערשטען פלאץ!...

י. אב—נעק.

די שטובּיגע אויסרעדען אין יודיש וואָרט אפילו. אלע שפראכען וועט איהר דאָרט הערען: פּויליש, דייטש, פראנצויזיש — פון דער יודישער שפראך קיין זכר נישט, גלייך ווי אזעלכעס וואָלט ניט עגזיסטירט. ביי אונזערע נאציאָנאלע פאָרשטעהער געהט עס נאָך ווייטער. און אויב אין די חסידישע הייזער פיהלן דאָרט די טעכטער אַנ'אַנטיפּאַטיע צו דער יודישער שפּראַך, בעציהען זיך די טעכטער און אויך די זיהן פון אינזערע נאציאָנאלע פערזאָנגער מיט ביטול און פעראכטונג צו דער יודישער שפראך. דאָרט איז א יודיש וואָרט שוין נישט בנמצא אפילו אויף א רפואה.

פאר אנדערע פרעדיגען אונזערע מכלומר'שטע מנהיגים און עסקנים, אטייל פון די נאַציאָנאליסטען־ציוניסטען וועגען דער אויפלעבונג פון דער העברעאישער שפראָך און ביי זיך אין דער היים האלט מען נישט דערפון און אזוי ווי עס פאסט דאָך נישט. אַז יודיש זאָל פערמייטען העבּראיש, מאכט מען א פשרה: נישט דאָס און נישט דאָס.

איהר קאָנט שפּאצירען שעה'ן־לאנג אויף דער לובלינער גאָס און צווישען די הונדערטער יודישע פּאָרלעך, וואָס געהען אייך פאַרביי דורך דער צייט אפילו קיין איין יודיש וואָרט נישט הערען. ס'איז עפּיס נישט אינטעליגענט צו רעדען יודיש. ס'וועט עפּיס נישט שעהן אויסזעהן. מ'קאָן חלילה מיינען, אַז מ'שטאמט פון דער שוהל־גאַס. מעגען די געשפּרעכען טיילמאָהל געפיהרט ווערען וועגען יודישע פראַגען און יודישע נאַציאָנאַלע פראָבלעמען, איז עס אָבער פאָרט שעהנער און אינטעליגענטישער צו רעדען דערפון אין דער נישט־יודישער שפראַך.

דער דאָזיגער אסימילאַציע־פּראָצעס שלאָגט זיך אָן אויף אלע געביטען. דער דאָזיגער עקעל־געפיהל צו אלץ, וואָס איז יודיש הויבט אָן ארומנעמען וואָס אַמאָהל אלץ גרעסערע שטחים. און טאַקי אונטער דער מאסקע פון חסידיש, נאַציאָנאַליסטיש, ממזריש קריגט זיך אריין די אַסימילאַציע אלץ ברייטער און טיעפער. קודם כל שטויסט זי אַרויס די יודישע שפּראַך, די יודישע קולטור און ליטעראַטור, דאַן מאכט זי א טריט ווייטער און טראַגט זיך איבער אויך אויף אנדערע צווייגען. ביכלעכווייז און שטילערהייד גנב'עט זי זיך אונטער און הויבט־אָן צו דערנידעריגען יודישע ארבייט. א יוד אַ היינטוועלטיגער, אַז ער וויל בעווייזען, אַז ער איז אַנ'אייראָפּעער, א מאָדערנער מענש, איז פאַר איהם א רוהם צו שמאַלצירען, אַז דעם שיך, וואָס ער טראָגט, האָט געמאכט נישט קיין יוד. אַז די טשאַסטע, וואָס ער עסט איז נישט געקויפט אין קיין יודישע צוקערניע און, אַז ער וויל זיין נאָך מעהר אינטעליגענטיש איז פאַר איהם א לויב, אַז ער פערקעהרט בכלל נישט צווישען יודען.

אין אונזער יודישען ראדאָם האָט די מאָדערנע אסימילאציע אויסגעשפּרייט איהרע פליגעל אייף א גאָר ברייטען פערנעם און אפילו גענומען אונטערגראָבען די עקזיסטענץ פון די יודישע אקושערקעס. ס'איז אריין אין דער מאָדע, אַז דער וואָס וויל זיין אינטעליגענטיש און מעהר איראָפּעאיש היט זיך אויס פון נוצען א יודישע אקושערקע, מעג זי זיין א דיפּלאָמירטע און האָבען דערצו א לאַנגיעהריגע פּראַקטיק. אין ראדאָם איז ביים היינטיגען טאָג פערהאנען ס"ה דריי דיפּלאָמירטע יודישע אקושערקעס, און זיי בעקלאָגען זיך, אַז נישט קוקענדיג דערויף, וואָס דער צוואוקס אין די געבורטען ביי דער יודישער בעפעלקערונג איז א גאַנץ בעדייטענדער, האָט זיך פונדעסטוועגען זייער פּראַקטיק כמעט גענצליך אָבגעשטעלט און דאָס ערקלערען זיי דערמיט, וואָס מ'האָט אויף זייער אָרט אָנגעהויבען בענוצען נישט־יודישע אקושערקעס,

די זעלבע יודישע אקושערקעס גיבען איבער, אַז אפילו אויף די ערטער, וואו זיי האָבען אָנגענומען צו צוויי, אָדער דריי קינדער, און טראָץ דעם, וואָס מ'איז פון זיי העכסט־צופריעדען געווען האָט מען אָן זיי גענצליך פערגעסען און אויף זייער אָרט בענוצט מען בעת געבורט'ס־פאַלען אין די זעלבע הייזער די נישט־יודישע אקושערקע.

לויט אונזער השערה, איז עס א רעזולטאַט פון דעם אסימילאַטאָרישען שטראָם, וואָס נעמט ארונטער בהדרגה אונטער זיין השפּעה אלץ, וואָס יודיש איז. צום ערשט הערט מען אויף צו רעדען יודיש, דערנאָך איז מען ממאס דעם יודישען קרעמער, בעל מלאכה און סוחר און צום לעצט איז א בושה, אַז דעם נפש'ל פון א ניי־געבאָרענעם יודישען קינד זאָל די ערשטע אָנריהרען א יודישע האַנד. דאָס אלץ ווערט אָנגעטוהן אין נאָמען פון נאָכגעמאַכטער אינטעליגענטישקייט און פערקרענקליכטען מאָדערניזם. די אינטעליגענטישע היינט־וועלטיגע מאַמע פּאַסט נישט צו בענוצען קיין יודישע אקושערקע, וועלכע האָט פּונקט אזוי געענדיגט די קורסען און ארויסבעקומען דעם וועלבען דיפּלאָם, וואָס די נישט־יודישע אין ס'איז ביי איהר א שטאָלץ, אַז איהר ניי־געבוירען קינד זאָל באַלד אין דער ערשטער רגע, וואָס פאלט נאָר אויף דער וועלט בעריהרט הערען פון א פרעמדער קולטור און באַלד מיט'ן ערשטען בליק אויף דער וועלט האַטש שוין זיך אָנזאַפּען מיט פרעמדע איראָפּעאישע ציוויליזאַציע...

די היינטיג־וועלטיגע יודישע מאַמע האָט, אפנים, וועניג, וואָס דערנאָך נעמט זי תיכף צו א נישט־יודישע ניאַנקע, שפּעטער א נישט־יודישע באָנע און דערנאָך די נישט־יודישע שולען אין זי וואונשט זיך, אַז כ'קינד זאָל אונטער דער מאַמעס האַרץ נאָך ווייניג שוין זיין אינטעליגענטיש און איראָפּעאיש ערצויגען...

צוליב די איגנאָרירענדע און אויסמיידענדע בעציהונג מצד דער יודישער בעפעלקערונג קומט פשוט אויס די דאָזיגע יודישע פּאַטענטירטע אקושערקעס אין ראדאָם אויסצושטעהן א גרויסען מאַטעריעלען קריזיס. פון איין זייט מאַכט זיך די יודישע בעפעלקערונג אין זיי פערגעסען, און פון דער צווייטער זייט טראַקטירט זיי נישט בעסער די קראַנקען־קאַסע. נישט קוקענדיג, וואָס זיי זענען פערשריבען אין קראַנקען־קאַסע בענוצט מען זיי אויך וועניג. אויך דאָרט מאכט מען זיך אזוי ווי פערגעסען אין זיי. ס'וואָלט אפשר גאָר נישט געווען געשאַדט די יודישע מיטגלידער פון דער פערוואַלטונג פון קראַנקען־קאַסע זאָלען אויף דעם רעאגירען און דעם ענין בעריהרען. אין קראַנקען־קאַסע איז דאַכט זיך פערהאַן א גרויסע צאָל יודישע פערזיכערטע און יודיש געלד פליסט דאָרט איין א גאַנץ בעדייטענדע מאָס. די יודישע אקושערקעס דארפען דעריבער נישט ערגער בעהאַנדעלט ווערען און בעקומען פּראָפּאָרציאָנעל בעשעפטיגונג ווי די נישט־יודישע.

ס'וואָלט אויך נישט קיין עוולה געווען, אַז די פּריוואַטע יודישע בעפעלקערונג זאָל זיך דערמאָנען די אדרעסען פון די יודישע אקושערקעס און נישט אזוי מדקדק זיין אין דער נייער מאָדע פון צו־פיעל אינטעליגענטישקייט. אויב ס'געהט אזוי אין פּרינציפּ פון ארויסווייזען אינטעליגענטישע השגות. געפונען זיך צווישען די יודישע אקושערקעס גאַנץ אינטעליגענטע און איראָפּעאישע פרויען, וואָס האָבען זיך נישט צו שעמען אויף אלע געביטען

# וואס הערט זיך אין ראדאם.

**OBWIESZCZENIE**

Magistrat m. Radomia podaje do publicznej wiadomości, ze w myśl § 2 Rozporządzenia Prezydenta Rzeczypospolitej z dnia 17 czerwca 1924 r. (Dz. Ust. R. P. Nr. 51, poz. 522) preliminarz budżetowy na okres od 1-go kwietnia 1928 r. do 31 marca 1929 r. wyłożony został w Wydziale Skarbowym Magistratu do wglądu na przeciąg jednego tygodnia.

Radom dnia 10 lutego 1928 roku.

wz. Prezydenta miasta (—) **Wł. Uziembło.**
Naczelnik Wydziału Skarbowego (—) **T. Lauterbach.**

## אויפ'ן ראדאמער וואהל פראנט.

### ניט צושטאנד געקומענער מיטינג אין האנדווערקער-קלוב.

דער ראדאמער יודישער האנדווערקער-קלוב, וועלכער האט זיך אנגעשלאסען אין אָרטיגען נאציאנאלען בלאק בײ די נאציאנאלע מינדערהייטען, האט אויף פאריגען שבת גערופען א וואהל-מיטינג אין אייגענעם לאקאל אויפ'ן מאַרק 59. בשעת דער עולם האט זיך גענומען צונויפזאמלען האט די פאליציי געמאלדען, אז דער זאהל און בכלל דער גאנצער צוגאנג ענטשפרעכט נישט אויף איינצוארדנען מאסען-מיטינגען. נאך דער דאזיגער מעלדונג איז זיך דער עולם פונאנדערגעגאנגען און דער מיטינג איז נישט צו שטאנד געקומען.

### פועלי ציון-מיטינג אין „קארסאָ".

אין זעלבען טאג, שבת, אזייגער 1 איז אין זאהל פון קינא „קארסאָ" פארגעקומען א וואהל-מיטינג, איינגעאָרדענט דורך די פועלי-ציון פון דער ליסטע נומער 5. אויפ'ן מיטינג זענען ארויסגעטרעטען אָרטיגע ווי אויך רעדנער פון לאדז. דער זאהל איז געווען איבערפולט און די פערזאמעלטע זענען הויפטזעכליך בעשטאנען פון ארבייטער-שיכטען.

בשעת איינעגע רעדעס זענען געמאכט געוואָרען צווישענרופען מצד די מיטגלידער פון בונד.

נאך די רעדע פון לאדזער פרעלעגענט האט בעקומען דאס ווארט איינער פון די פיהרער פון היגען „בונד". צום סוף איז פארגעלייגט געוואָרען א רעזאלוציע מיט דער אויפפאָדערונג צו שטימען פאר דער ליסטע נומער 5.

### וואהל-מיטינג אין „עזרה".

צוליב דעם, וואס איז שבת נישט צושטאנד געקומען דער מיטינג אין האנדקלוב האט אויף צומאָרגענס זונטאג, דער מינדערהייטס-בלאָק, פון דער ליסטע נומר 18 גערופען א וואהל-מיטינג אין לאקאל פון דער געזעל. „עזרה". ביים ערעפנען דעם מיטינג זענען געקומען פאליציי-פארשטעהער און געמאלדען, אז צוליב דעם, וואס דער זאהל איז נישט צוגעפאסט אויף גרעסערע וואהל-פערזאמלונגען, איז נישט ערלויבט צו פיהרען דעם מיטינג. דער פערזאמעלטער עולם איז זיך דאן פונאנדערגעגאנגען און דער מיטינג איז באלד ביים אנהויב געשלאָסען געוואָרען.

### ארגאניזיר-פערזאמלונגען פון נאציאנאלען בלאק ליסטע נומער 33.

היינטיגען זונטאג איז אין דעם לאקאל פון דער געוועזענער „יבנה" גערופען געוואָרען א פערזאמלונג דורך ספעציעלע איינגעלאדענע קארטען. די פערזאמלונג האט געטראגען אנ'ארגאניזאציאנט האראקטער און איז איינגעאָרדענט געוואָרען דורך דעם אזוי גערופענעם נאציאנאלען יודישען בלאָק ליסטע נומער 33.

אויף דער פערזאמלונג איז ארויסגעטרעטען א געוויסער טהוער פון דער „אגודה" ה' זיסמאן פון בענדין. ער רעדט וועגען דער נויטווענדיגקייט, אז ביידע ראדאמער אגודות זאלען זיך פעראייניגען און קומט צום אויספיהר, אז נאך א שטארקע וואהל-אגיטאציע האט דער נאציאנאלער יודישער בלאָק, די ליסטע 33, גרויסע שאנסען דורכצופיהרען א יודישען מאנדאט.

דער מיטגליד פון דער היגער אגודה ה' מאיר פרידמאן לייענט א שארפע רעזאלוציע געגען ה' גרינבוים און פאָדערט אויף אלע פערזאמעלטע צושטימען פאר דער ליסטע נומער 33.

---

היינטיגען דינסטאג איז דורך דעם זעלבען נאציאנאלן בלאָק, ליסטע 33 אָבגעהאלטן געווארן א צווייטער מיטינג אין „יבנה". ס'האט זיך פערזאמעלט א גרעסערער עולם בערך 200 פערזאָהן, צווישען זיי אויך פיעל אנהענגער פון נאציאנאליסטען-בלאָק.

דער ערשטער גיעט אָן א בעריכט מאג. רייכמאן פון דער דעלעגאטען-קאנפערענץ פון יודישען נאציאנאלען בלאָק, וועלכע איז פארגעקומען היינטיגע וואך אין ווארשא אין קינא „ספלענדיד". דאן ווערט ערטיילט דאס ווארט פאר איין רעדנער פון נאציאנאליסטען-בלאָק. נאך איהם רעדט דער ה' זיסמאן פון בענדין, בשעת זיין רעדע ווערען געמאכט שטארקע צווישענרופען, און עס ענטשטעהט א טומעל. א טייל פון די פערזאמעלטע האבען געוואָרפען לאזונגען פאר נומער 18 און א טייל פאר'ן נומער 33 און אין רעזולטאט האט די פאליציי צוליב'ן גרויסען חאאס און אונארדנונג אויפגעלעזט דעם מיטינג, וועלכער האט נישט בעוויזען אנצונעמען קיין רעזאלוציעס.

### ראדאמער לאנדסלייט אין פאריז געשאפען א געזעל. א. נ. „זעלבסט-הילף"

פון ראדאמער לאנדסלייט אין פאריז האבען מיר בעקומען פאלגענדען בריף מיט דער ביטע איהם אָבצודרוקען:

מיר דריקען דעם בריעף אויספיהרליך און זיין אינהאלט לויטעט אזוי:

חשוב'ער ה' רעדאקטאר!

דערמיט בעטען מיר אייך אבצודרוקען פאלגענדען בריעף אין אייער ווערטער צייטונג „ראדאמער-קעלצער לעבען".

דאס פערגרעסערען זיך פון דער צאהל ראדאמער אין פאריז האט ארויסגערופען די נויטהענדיגקייט פון שאפען אנ'אייגענע סביבה און א דאנק די ה"ה הובערמאן, מילדמאן, קאדישעוויטש, אלפערט א. אנד. איז געגרינדעט געווארען די געזעלשאפט א. נ. „ראדאמער פריינד אין פאריז".

אין פערלויף פון דער קורצער צייט האט די געזעלשאפט בעוויזען איינצוארדנען פערשידענע פערזאמלונגען און אויך דורכגעפיהרט א גרויסען סילוועסטער-באל, וואו אלע ראדאמער האבען זעהר גוט פערברענגט.

דער פראגראם פון דער נייער געזעלשאפט ענטהאלט פאלגענדע אויפגאבען: 1) דאס שאפען א לייה-קאסע אהן פראצענט, 2) א הילפס-פאנד פאר קראנקע און ארבייטסלאזע מיטגלידער 3) א זומער-קאלאניע פאר קינדער פון די מיטגלידער און 4) ליטערארישע ארבייטען.

עס איז אויך געשאפען געוואָרען א קולטורעלע קאמיסיע אונטער'ן פארזיץ פון ה' הובערמאן. לעצטענס איז פארגעקומען די יעהרליכע אלגעמיינע פערזאמלונג, אויף וועלכער ס'איז אדורכגעפיהרט געוואָרען וואהלען צו דער נייער פערוואלטונג, אין וועלכע ס'געהען אריין פאלגענדע פערזאנען: פרעזידענט— ה' ד"ר רייכמאן. וויצע-פרעז. — ה' הובערמאן, קאסירער — ה' מילדמאן, סעקרעטאר — ה' נ. גאלדפארב און די ה"ה ראזענפעלד, קאדישעוויטש. שערמאן, ווייצמאן און וויינטרויב אלס מיטגלידער פון ביורא.

די נייע פערוואלטונג האט בעשלאסען צו מעלדען וועגען איהר טהעטיגקייט פון דער נייער געזעלשאפט אלע ראדאמער, דורך דער אָרטיגער יודישער פרעסע „ראדאמער-קעלצער לעבען" און אויך מיטטיילען פון צייט צו צייט פערשידענע קארעספאנדענציעס און נייעס פון פאריז.

ס'איז אויך געשאפען געוואָרען אנ'אינפארמאציאנס-ביורא ביי דער געזעל. און ראדאמער, וועלכע האבען נעוויסע זאכליכע אנפראגען צו מאכען, קאנען עס אנפרעגען דורך דער צייטונג „ראדאמער-קעלצער לעבען" אדער ווענדען זיך שריפטליך אויפ'ן אדרעס פון דער געזעלשאפט:

Association „AMIS de RADOM"
chez Mr MILDMAN
17 rue Bisson - Paris (20 e)

מיט דרך ארץ

**די פערוואלטונג** פון דער **ראדאמער געזעלשאפט זעלבסט-הילף** אין פאריז

סעקרעטאר: נ. גאלדפארב.

---

...מיט די נישט-יודישע.

זאל די יודישע פרוי, די יודישע מאמע, מעג זי זיין א היינט-וועלטיגע. נישט גלויבען אפילו די טאהן געבער פון אונזער געזעלשאפטליכען לעבען אז אלץ, וואס איז נישט-יודיש איז גוט, ווייל זיי אליין וועלען זיך סוף כל סוף איבערצייגען, אז אויך זייער בין-איצטיגער טאקטיק האט בעוואוסטזיניג, צי נישט בעוואוסטזיניג ענטהאלטען אין זיך אסימילאטארישע טענדענצען און, אז צוליב זייער אויסמיידען די יודישע שפראך, און אלץ וואס ווערט געשאפען אויף יודיש אין דורך יודען האבען זיי בידים פיעל געשאדעט : דער יודיש-נאציאנאלע זאך.

עמיצער.

# יודישער פעראייניגטער וואהל-קאמיטעט

אין ראדאם.

1

# אויפרוף

## צו די יודען פון ראדאמער און קיעלצער וואהל-ראיאנען

### עס דערנענטערט זיך דער טאג, וועלכער דארף דעצידירען איבער דעם גורל פון מלוכה-וועזען פון דער פוילישער רעפובליק.

די יעצטיגע וואהלען צום סיים און סענאט האבען א גרויסע בעדייטונג פאר די צוקונפט און אויפבוי פון דעם יונגען בעפרייטען פוילישען לאנד, פאר דעם וואהלשטאנד און גליק פון אלע בירגער אויף יעדען געביעט פון פאליטישען, עקאנאמישען,ווירטשאפטליכען און געזעלשאפטליכען לעבען.

מיר יודען פון ראדאמער און קיעלצער ראיאן, שטעהען יעצט פאר א גרויסען פראבלעם, צוליעב די יעצטיגע וואהל-ארדינאציע און נישטא די מינדעסטע האפנונג, אז מיר זאלען קענען אין אונזערע וואהל-ראיאנען א דורכפיהרען א יודישען מאנדאט, ווען אפילו דער גאנצער יודישער פראנט וואלט געווען איינהייטליך און פעראייניגט, בפרט אז אין דער יודישער גאס קורסירען גאנצע 4 פאליטישע ליסטעס; צי זאלען מיר יודען זיך לאזען בע-איינפלוסען פון די פארטיי-דעמאגאגיע און זיך רעכנען מיט די פאבריצירטע אגיטאציע-ארטיקלען, וואס חערען פערשפרייט יעצט אין דער יודישער גאס און מיר זאלען מיט אונזערע שטימען ניר דעמאנכטרירען דעם יודישען פירוד, און אז אונזערע וואהל-שטימען זאלען נאר ברענגען נוצען אזעלכע קאנדידאטען-ליסטעס, וועלכע זענען פאר אונז געפעהרליך, אדער מיר זאלען בעסער מאניפעסטירען אונזער בעוואוסטזיניגקייט, אונזער שטרעבונג און וואונש ווי אויך די אנערקענונג פאר די שעפפערישע ארבייט פון דער יעצטיגער רעגירונג פון **ערשטען פוילישען מארשאלעק יוזעף פילסודסקי,** וועמענס אויפגאבע ס'איז צו בעפרייען דאס לאנד פון יעדע פארטיי-השפעה, אויסצוראטען יעדע ארטיגע קארופציע, וועלכע איז צום באדויערען געוועזען ביז יעצט א גאנץ אפטע ערשיינונג אין אונזער מלוכה-לעבען!

עס איז דאך פאר קיינעם קיין ספק, אז דער פראגראם פון דער יעצטיגער רעגירונג איז **שאפען און בויען דאס עקאנאמישע און ווירטשאפטליכע לעבען אין לאנד, אויפהויבען דעם שטאנד פון יעדען בירגער אהן אונטערשיעד פון גלויבען און נאציאן און צו ציפיהרען צו א הארמאניש, הומאניטאריש צוזאמענלעבען פון אלע זיהן פון דער פוילישער ערד!**

פאר דעם 3 מיליאנענדיגען יודישען פאלק, וועלכער איז צוגעבונדען צו דער פוילישער ערד פון הונדערטער דורות איז דאך זיכער געוואונשען און נויטווענדיג, אז די פוילישע רעפובליק זאל זיין וואס מעכטיגער און גרעסער, און דאס קענען מיר זיך נאר דערווארטען אויב די מעהרהייט פון קינפטיגען סיים און סענאט וועט זיין צוזאמענגעשטעלט פון אזעלכע שאפונג'ס-עלעמענטען, וועלכע וועלען צוהעלפען די חייטערדיגע קאנטינואירונג פון די גוטע התחלה, וואס איז געמאכט געווארען פון דער איצטיגער רעגירונג מיט'ן מארשאלעק **יוזעף פילסודסקי** בראש.

יודען בירגער! לאזט אייך נישט פערפיהרען פון געדונגענע פארטיי-אגיטאטארען, וועלכע זענען נאר אויסען בלויזע פארטיי-מאכטנאציעס און פערזענליכע „בכורים-אמביציעס". לאזט נישט פערטושען אייערע מוחות דורך פאלשע הבטחות, גיט אייך אב א דין וחשבון פון דעם עתיד, און גייט מוטיג און שטאלץ צו די וואהל-אורנע און גיט אב אייער שטים צעטעל פאר די „**אונפארטייאישע ליסטע וואס מיטארבייט מיט די רעגירונג**"

און דאס איז די ליסטע **№ 1**

## דער יודישער פעראייניגטער וואהל-קאמיטעט אין ראדאם.

**דער קאמיטעט בעשטעהט פון פאלגענדע ה"ה:**

הרב **יחיאל קעסטענבערג** — (ראדאמער רב פארזיצענדער.
**לעאן בעקערמאן** (אינזשינער)
**מרדכי דען** (פאבריקאנט)
**הירש אלי' גאלדבלום** (פרנס-הקהלה)
ה"ב **מענדיל קעסטענבערג** (מורה הוראה)
**מאטיל זעלצער** (ארטאראקס)
**אברהם קארמאן** (ארטאדאקס)
**משה בלומאן** (דירעקטאר)
**חיים באוער** (סוחר)
**מענדל פעלדמאן** סקארזיסקא (פאבריקאנט און קהל-פרעזעס)

**אדאלף גליקסמאן** (דירעקטאר)
**יוסף סאנדעל** (פאבריקאנט)
**אהרן מערין** (דירעקטאר)
**יעקב מאנדשיין** (הויז-בעזיצער)
**דוד קארמאן** (פאבריקאנט)
**שלמה קורטץ** (סוחר)
**אברהם גראספעלד** (הויז-בעזיצער)
**אבוש בירענבוים** (האנדווערקער)
**בעריל גארפינקעל** (סוחר)
**מענדיל שטיינבאק** (הויז-בעזיצער)

**חיים אהרן וויינאכט** (ארטאדאקס)
**ישראל פעלדמאן** (האנדווערקער)
**חיים ווארשער** (סוחר)
**יחיאל בוימאן** (האנדווערקער)
**אברהם פאוולאוויטש** (האנדווערקער)
**משה סאנקיעוויטש** אסטראוויעץ (ארטאדאקס)
**דוד קאהן** ביאלאברזיג (קהלה-פרעזעס)
**אברהם צוקער** פשיטיק (ארטאדאקס)
**יעקב עהרענבערג** (סוחר)
**יצחק מאיר לענגא** (פשיטיק סוחר)

2—019.

# קעלצער אבטיילונג.

## צוליב וואָס און וועמען איז דער קלוב פון די יודישע ראַטמענער ביים שטאָדט-ראַט צופאַלען?

ווען דער וואהל-פיבער האָט אָנגעהייבען אָבגעקיהלט צו ווערן און די טעמפּעראַטור, ביי וועלכער עס איז געפיהרט געוואָרען דער קאַמפּף ארום די וואהלען צום שטאָדט-ראָט, איז געפאַלען, און האָט מען געמוזט אָנהויבען אריבערגעהן פון פאַנטאַזיע צו ווירקליכקייט, פון שעהנע פראַזען צום גראָהען אַלטעגליכען לעבען מיט די אַלע זיינע זאָרגען. וואָס זענען פערקניפּט און פערבונדען מיט דער נויט פונ'ם דורכשניטליכען איינוואָהנער, איז די ערשטע אויפגאַבע פון די יודישע ראַטמענער, וואָס זענען אריין אינ'ם נייעם שטאָדט-ראָט, געווען צו פערגעסען און אָבשליסען מי'ט'ן קאַמפּף, וואָס איז פריער געפיהרט געוואָרען בעת די וואהלען און שאַפען א איינהייטליכען פראָנט כדי מוטיג, ווי עס פאָדערט דער יודישער כבוד, פערטיידיגען אַלגעמיין-ווירטשאַפטליכע בכלל און יודישע אינטערעסען בפרט.

די ערשטע האָבען דאָס פערשטאַנען די ראַטמענער, וואָס זענען אריין אין שטאָדט-ראָט פון די ליסטעס נומער 18 און 10 ה"ה זאַגייסקי, ראָזענבערג, ד"ר פעלץ, מאַשקאָוויטש, און ראַוויצקי. און אויך ה' גאָלדשיידער פון דער ליסטע 14. אז דורך א צושפּליטערונג פון דער יודישער אחדות דראָהט א געפאַהר די יודישע אינטערעסען אין שטאָדט-ראָט, און האָבען ביי זיך בעשלאָסען, אז עס איז אונבעדינגטע נויטווענדיגקייט צו שאַפען א בלאָק פון אַלע יודישע ראַטמענער. ווען מען זאָל אפילו דארפען ברענגען קרבנות אויפ'ן מזבח פון שלום...

אָבער דאָס איינפאַכע, פערשטענדליכע, דאָס דערפידן צו פעראייניגונג צווישען אַלע יודישע ראַטמענער, כדי געמיינזאַם מיט פעראייניגטע כחות שאַפען דאָס מאַקסימום פאַר זיינע וועהלער, וועלכע האָבען זיי די מאַנדאַטען אָנפערטרויט — האָט זיך דאָך אָנגעטראָפען אויף גרויסע שוועריגקייטען מצד די געוועהלטע פון דער ליסטע נומער 14 (ה"ה לעווי, לעווי, פישמאַן און גוטמאַן). זיי, די „אויסגעבּיעשטשעטע" די „כמעט אונבערירליכע" אין משך פון דער לאַנגער צייט, וואָס זיי זענען זיך „אויסגעזעכען" אינ'ם אלטען שטאָדט-ראָט איז נעבּיך זעהר שווער „אָנגעקומען" דאָס „אראָבלאָזען" זיך און צונויפרעדען מיט די „נייע" ראַטמענער... און, זייענדיג „געבענשט" רעדמיט, וואָס זיי רעכנען זיך ווייניג-וואָס מיט דער עפענטליכער מיינונג, האָבען זיי געשטעלט א גאַנצע רייהע פאָדערונגען לויטער „אולטימימיווע" און אָבּהענגיג געמאַכט דערפון דאָס שאַפען דעם בלאָק פון די יודישע ראַטמענער.

כדי נישט ארויסצוטראָגען דעם קאַמפּף אויסער די גרענעצען פון דער יודישער געזעלשאַפט, האָט דער לאַגער פון 18 בעשלאָסען נישט צו לאָזען זיך פראָוואָצירען, אלע פאָדערונגען נאָכצוגעבען אהן בעוואָרענישען מיט דעם איינעם ציעל, נאָר צו שאַפען די פעראייניגונג.

ביי אַזעלכע בעדינגונגען איז צושטאַנד געקומען דאָס שאַפען זיך פונ'ם „קלוב פון יודישע ראַטמענער ביים שטאָדט-ראָט אין קעלץ".

ווען די „קאָלאָ" איז צוגעטרעטען צו דער קאָנסטיטואירונג איהרע, האָט זיך ארויסגעוויזען, אז דער צד פון ד"ר פעלץ האָט די אבסאָלוטע מעהרהייט. כדי אָבער בולט צו ברענגען צום אויסדרוק דעם ווילען און שטרעבען צו שלום, און כדי פאַקטיש צו בעטאָנען און איבערצייגען דעם צווייטען צד, אז מען האָט זיך געשטעלט אלס עיקר העיקרים צו אחדות, אז דאָ האַנדעלט זיך נישט אין וועלכע עס איז פערזענליכע אַמביציע, האָט די מעהרהייט נויט'ן ד"ר פעלץ אין דער שפּיץ נישט אויסגענוצט איהרע פּרעראָגאַטיווען און געוועהלט אַלאַ פאָרזיצער פונ'ם „קלוב" דעם ה' הערמאַן לעווי.

עס' איז א פשוט'ע זאַך, אז דער ערשטער בעדינג פון דער פעראייניגונג איז געוועזען, אז בעשלוסען, וואָס וועלען ווערען אָנגענומען אינ'ם „קלוב" מיט א מעהרהייט שטימען פערפליכטען אלע איהרע מיטגלידער. באַלד ביים אָנהויב אָבער פון דער טעטיגקייט פונ'ם „קאָלאָ" האָט זיך ארויסגעוויזען, אז די בעשלוסען פון דער מעהרהייט פערפליכטען נור דאַמאָלס, אויב די בעשלוסען וועלען אויספאַלען לויט'ן פערלאַנג פון איהר פאָרזיצענדער ה' לעווי... וועט די מעהרהייט בעשליסען אַנדערש, וועט עס די מינדערהייט נישט פערפליכטען... און אויף דער ערשטער זיצונג פונ'ם „קאָלאָ" וואו עס איז בעהאַנדעלט געוואָרען די פראַגע פונ'ם קאַנדידאַט אויף א צווייטען יודישען לאַווניק אינ'ם מאַגיסטראַט אונטער דראָהונגען אויפצורייסען דאָס „קאָלאָ" איז דעם ה' לעווי געלונגען צו אנולירען יעם בעשלוס פון דער מעהרהייט פונ'ם „קאָלאָ" און ארויסצושטעלען א צווייטען קאַנדידאַט, וואָס איז אויף דער בעראַטונג פונ'ם „קאָלאָ" מיט א מעהרהייט שטימען אָדורכגעפאַלען. און דאָ איז ביי די „העררען" דער אפּעטיט געקומען מיט'ן עסען... די אַמביציעס זענען זיך ביי זיי אזוי פונאַנדערגעזאַקטען, אז זיי האָבען אָנגעהויבען שוין זוכען מיטלען און געלעגענהייטען אויפצורייסען דאָס „קאָלאָ".

צו דעם צוועק האָט די „אגודה" אין דער פערזאָן פון ה' יאַשקע פישמאַן פונאַנדערגעבלאָזען א מעשה וועגען מ'כלומר'שט בע'עול'ן די אגודה דורכ'ן ה' ראָטענבערג. ביים בעשטימען מיטגלידער צו די וואָהל-קאָמיסיע צום סיים און סענאַט. ווען די ראַטמענער האָבען ערהאַלטען א איינלאַדונג אויף א זיצונג פונ'ם שטאָדט-ראָט מיט א טאָג-אָרדנונג, צווישען וועלכען עס האָט זיך געפונען א פונקט: וואהלען פון 45 מיטגלידער אין די 15 וואהל-קאָמיסיעס צום סיים און סענאַט און 45 פערטרעטער, האָט דער יודישער קלוב בעשלאָסען צו פעראייניגען זיך מיט אַלע ראַטמענער פונ'ם שטאָדט-ראָט און ארויסשטעלען א איינהייטליכע ליסטע. אין וועלכע עס זענען אריין 15 יודען צו איין מיטגלידער אין יעדע קאָמיסיע. צו דעם צוועק איז דעם ה' ראָטענבערג איבערגעגעבען צוזאַמענצושטעלען א רשימה פון 15 קאַנדידאַטען און 15 פערטרעטער און פאָרשטעלען עס דעם קלוב פון די יודישע ראַטמענער. וועלכע וועט עס אָדער אָקצעפּטירען, אָדער אָבּיאַרפען עווענטועל ענדערען. דערביי איז דעם ה' ראָטענבערג אָנגעוויזען געוואָרען, אז ביים צוזאַמענשטעלען די רשימה זאָל ער נעהמען אין אַכט און נישט אריינשטעלען קאַנדידאַטען, וואָס צוליב זייער בעשעפטיגונג, וועלען זיין געצווינגען דורכצולאָזען זיצונגען, און קענען דעריבער בעשטראָפט ווערען.

ווען די רשימה איז איבערגעגעבען געוואָרען דעם „קלוב" האָט זיך דער ערשטער „בעליידיגט" דער ראַטמאַן ה' יוסיל קאָהן, ווייל מ'האָט זיך „ערלויבט" איהם נישט אריינצושטעלען אין קאַנדידאַטען רשימה. ווייל קיינער פון ה' ראָטענבערג'ס צד האָט נישט געהאַט קיין שום אינטערעס צו פאָזאַריזירען יעמען עס איז. אין די ליסטע דורך דעם ה' לעווי מיט דער איינשטימונג פון ה' ד"ר פעלץ איבערגעגעבען געוואָרען די ה"ה יאַשקע פישמאַן, בנימין לעווי און יוסיל קאָהן, וועלכע האָבען קודם פאַר זיך אליין בעשטימט דריי פלעצער, אויסער דעם פאַר ה' איטשע פיניע האָליק, ה' משה טאָומאַן און אַנדערע. די ליסטע איז דורך דעם פאָרזיצענדער פונ'ם קלוב איבערגעגעבען געוואָרען דעם סעניאָרען קאָנדענט. וועלכער האָט אָריינגעטראָגען א איינהייטליכע ליסטע אויפ'ן פלענום פון שטאָדט-ראָט, וועלכע איז „אין בלאָק" אָנגענומען געוואָרען, עס איז כדאי אָנצוווייזען, אז ה' ראָטענבערג האָט אין דער זיצונג פונ'ם שטאָדט-ראָט, וואו עס זענען געוועהלט געוואָרען די דערמאָנטע קאַנדידאַטען. קיין אנטייל נישט גענומען און פיגורירט אויך נישט צווישען די געוועהלטע.

עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אז דער באַנאַלער ענין איז איבערגעגאַנגען אין פערגעסענהייט. פּלוצלינג, אויף איינער פון די זיצונגען פונ'ם יודישען ראַטמענער קלוב לעזט פאָר דער געוועזענער פאָרזיצענדער פון קלוב ה' לעווי א בריף פיל מיט זילזולים אויפ'ן אדרעס פון די קלוב-מיטגלידער פון דער ליסטע 18, ווערכער וואָס לאָזען זיך נישט איבער חזר'ן, אונטערגעשריבען אונטער'ן שטעמפּעל פון דער אגודה דורכ'ן ה' יאַשקע פישמאַן, אין וועלכען ער וואַרפט פאָר, וואָס צווישען די מיטגלידער פון די וואָהל-קאָמיסיעס געפינען זיך צו ווייניג אגודה'ניקעס. דאָס וואָרט נעמט דערויף דער ה' יאַשקע פישמאַן, וועלכער וואַרפט פאָר א גאַנצע רייהע „חטאים" ווי דאָס אריינשטעלען אין דער רשימה דעם פועלי-ציוניסט ה' אברהם ווינצווייג אין אַנדערע... מאַכט פעראַנטוואָרטליך די ראַטמענער פון דער ליסטע 18 פאַר דעם, וואָס ער ה' פישמאַן געפינט זיך אין 2 טען וואָהל-קרייז און נישט אין קיין אַנדערען... (?) וכדומה אַזעלכע „וויכטיגע" ענינ'ים... און דראָהט (?..) צו ציהען קאָנסעקווענצען.

געגען טאן פונ'ם בריף אין ארויסגעטרעטען דער ה' ד"ר פעלץ, וועלכער האט פארגעשלאגען איבערצוגעהן איבער'ן טאן אין סטיל פון בריף צום טאג-אָרדנונג און אויב די אגודה געפינט זיך בע'עוול'ט קען דאס דער ה' פישמאן, דערוועלבער, וואס האט דעם בריף מיט אינדערלאזבאר-בעליידיגענדע אויסדריקען אונטערגעשריבען, בעריהרען אין די פראגע וועט אויפ'ן ארט בעהאנדעלט ווערען.

דאס מול האט אבער דאס מאהל דער אגודה צו געשפיעלט, וואס עטליכע מיטגלידער פון דער ליסטע נומער 18 זענען נישט געוועזען אנוועזענד און צוליב נישט גאנץ ריינע טעמים האט זיך מיט זיי פעראייניגט דער האנדווערקער ה' יודל גוטמאן און דער לעצטער האט אריינגעטראגען א רעזאלוציע, וועלכע טאדעלט די מעשים (!) פון די ראטמענער פון די ליסטע 18 און ווייטער זאל אזעלכעס (???) נישט פארקומען. ביי דער אבשטימונג האבען זיך די צאהל שטימען פונאנדערגעטהיילט, אבער די שטימע פון ה' לעווי אלס פארזיצער האט מכריע געווען...

אויפ'ן צווייטען פונקט פונ'ם טאג-ארדנונג פון דער קלוב-זיצונג איז געוועזען דאס וועהלען א מיטגליד אין דער שול-קאמיסיע ביים שטאדט-ראט. דא איז ארויסגערוקט געווארען די קאנדידאטור פונ'ם ה' ד"ר פעלץ, וועלכער האט פיעל פערשטענדניש פאר דער זאך און האט שוין גרעסערע פערדינסטען אויפ'ן געביט פונ'ם שול-וועזען בכלל און שול-היגיענע בפרט. די קאנדידאטור איז אבער דורך דעם האנדווערקער ה' יודל גוטמאן בעקעמפט געווארען מאטיווירענדיג, אז מ'דארף נישט קיין דאקטוירים (!) און שול-קאמיסיעס (די אמת'ע כונות פונ'ם ה' גוטמאן וועלען מיר אויפדעקען) דאגעגען זענען די האנדווערקער „בלוטיג" פעראינטערעסירט. אז די האנדווערקער זאלען זיין פערטרעטען אין דער שול-קאמיסיע און שטעלט-פאר די קאנדידאטור פון ה' גאלדשיידער. עס העלפען שוין דערמאלט נישט מעהר די טענות פון די אנדערע ראטמענער, אויך נישט די קאטעגארישע ערקלערונג פון ה' גאלדשיידער, אז ער נעמט דעם מאנדאט נישט אן, און האט ה' פישמאן האט בעמערקט דעם ה' גוטמאן, וואס אין אלע פראגען איז ער „זעהר בלוטיג" פעראינטערעסירט, האט ער זאך אויך א כבעציעלען „אופן" מיטגעשטימט און די קאנדידאטור פון ה' גאלדשיידער איז אנגענומען געווארען.

די קאלא איז צוגעטרעטען בעהאנדלען דעם דריטען פינקט פון טאג-אָרדנונג: וועהלען 2 קאנדידאטען אין דער בוי-קאמיסיע ביים מאגיסטראט. עס זענען אריינגעטראגען געווארען 2 ליסטעס: 1) ה"ה לעווי און ראטענבערג 2) ה"ה לעווי און גוטמאן. גאנץ צופעלינ האט ה' גוטמאן בעקומען א גלייכע צאהל שטימען און איז געוועהלט געווארען... דא האט זיך ערשט ארויסגעוויזען, אז די גאנצע האנדלונג פונ'ם האנדווערקער ה' גוטמאן איז געווען פון פריהער אויסגערעכענט און איז געווען אין א לאנגער סטראטעגישער מאנעוור. וועלענדיג געווינען פאר זיך די שטימען פון דער אגודה האט ער בלינד מיטגעשטימט אויף אלע זייערע פאדערונגען... שטרעבענדיג ווידער פטור צו ווערען פון א קאנקורענט, א חבר, א האנדווערקער אלס קאנדידאט צו דער בוי-קאמיסיע, וועלכע דער ה' גוטמאן האט געוואלט „פערהאלטען" פאר זיך, האט ער דעם חבר ה' גאלדשיידער מיט צוואנג „פערשיקט" אין דער שול-קאמיסיע... אויף אזוי א אופן האט דער ה' גוטמאן פאר זיך פריי געמאכט דעם וועג אין דער בוי-קאמיסיע...

דאס האט ארויסגערופען די פערשטענדליכע אויפרעגונג צווישען אלע, וואס זענען בעקאנט געווארען מיט'ן פערלויף פון דער זיצונג. דעריבער האבען עטליכע ראטמענער געפאדערט א רעוויזיע פון בעשלוס איידער עס קומט פאר די זיצונג פונ'ם שטאדט-ראט. אויף דעם האט דער ה' לעווי, אלס פארזיצער, צי ווען עס איז צוגעשיקט געווארען די שריפטליכע אויפפאדערונג. קיין ענטפער נישט געגעבען. ערשט א גאר קורצע צייט פאר דער זיצונג פונ'ם שטאדט-ראט זענען זיך די יודישע ראטמענער צוזאמענגעקומען אין קאבינעט פון וויצע פרעזידענט. רעפערירט האט ה' ד"ר פעלץ, וועלכער האט פארגעשלאגען למען השלום, כדי צו דערהאלטען די הארמאניע, וואס האט געהערשט אינ'ם קאלא איז אונדערלאזבאר אזעלכע בעליידיגענדע בריף צו צונעהמען, שלאגט דעריבער פאר די מיטגלידער פון דער אגודה זיי זאלען צוריקציהען דעם בריף און איבערוואהל די טענות געגען זייער בעטייליגונג צו די וואהל-קאמיסיעס זענען גרינדלאז, איז ער דאך גרייט צו בעטראכטען דעם ענין אויף דער נאהענסטער זיצונג פונ'ם קלוב; צוליב דער ענטגילטיגער רעזיגנאציע פונ'ם

ה' גאָלדשניידער אלס קאנדידאַט צו דער שול־קאָמיסיע זאָל געוועהלט ווערען א צווייטער; און כדי נישט ארויסצווייזען אז מען איז אינצופרידען מיט דער קאנדידאטור פון ה' גוטמאַן, (חאָטש עס איז שוין פאַרן גאנצען קלוב קיין סוד נישט געוועזען,) — האָט ה' ד"ר פעלץ פאָרגעשלאָגען אויפ'ן אָרט פון די געוועהלטע צו דער בוי־קאָמיסיע ה' לעווי און גוטמאן זאָלען אריין ה"ה זאַגייסקי און ראָטענבערג.

אַנשטאט צו עפנען א דיסקוסיע, האָט דער ג. פאָרזיצער ה' לעווי בעליידיגט דעם ה' ד"ר פעלץ מיט אונדערלאָזבארע אויסדריקען, ווערטער, וואָס מ'קען זיך ערלויבען אויסדריקען און א געזעלשאפט פון א אנדערער ארט און ערקלערט דערביי, אז דער יודישער קלוב עגזיסטירט נישט מעהר, און אז ער וועט ווייזען...

און ווירקליך האָט דאָס דער ה' לעווי באלד געוויזען... ווען ה' ד"ר פעלץ האָט אריינגעטראָגען א דרינגענדען פאָרשלאג צו צולעגען אויף ראטעס די פעריגעגע שטייערן מיט 1% שטראָף האָט קיינער נישט גענומען דאָס וואָרט „געגען" א יסער רעד ה' לעווי... דער ה' לעווי מיט זיין טאָן און פאָרם האָט געווינען די „סימפאַטיע" פון אלע נישט יודישע ראטמענער, וועלכע האָבען ערשט אויפגעמאכט און אונטערגעהאלטען דאָס זמ"ל און דער פאָרשלאג פון ה' ד"ר פעלץ איז אָפגעוואָרפען געוואָרען און דאָ האָט דער ה' לעווי פעריגעסען איינגאַנצן, אז פאר אוועלכע מעשים וועט מען א מאָהל מוזען פארן וועהלער אָפגעבען א דין וחשבון.. נישט צו רעכנען זיך מיט דער נייט פונ'ם יודישען צאָהלער. נור עס איז גענוג, אז ה' ד"ר פעלץ זאָל פאָדערן דאָט עלעמענטארסטע, וואָס א „ענדעק" וועט נישט האָבען די חוצפה געגענצושטעלען זיך זאָל עס בעקעמפט ווערען דורך א אידישען ראטמאַן... וואָס יודען האָבען איהם געוועהלט. עס פערשטעהט זיך אליין, אז ס'איז געוואָרען אונמעגליך אונטערצונעהמען, וועלכע עס איז אקציע אויפ'ן באָדען פונ'ם שטאָדט־ראַט, וויין דער מעהרהייט פון די יודישע ראטמענער, ווייל ער וואָלט דורך די איבריגע יודישע ראטמענער בעקעמפט געוואָרען, עס איז דאָך נישט קיין ספק, אז די „ענדעקעס" וועט בעקוועמער זיין מיטצושטימען מיט די „יודען", וואָס קומפען געגען יודישע פאָדערונגען...

ווען עס ווערט ארויסגערוקט אנדערע שטייער־פראגען פאראליזירט עס יעדע אקציע, ווייל אויב דער ה' ד"ר פעלץ וועט ארויסטרעטען געגען בעלאסטען דעם צאָהלער מיט נאָך גרעסערע לאסטען פונ'ם שטייער, וועט עס בעשטימט בעקעמפט ווערען און דער לאגער וועט נור אויסגעלאכט ווערען. עס בלייבט נור איבער, פאר אזעלכע אָבשטימונגען, ארויסצוציהען זיך מיט כבוד... און איבערלאָזען דאָס „קריגעל" פארין צווייטען צד, וואָס וועט זיך בעל־הבית'ווען לויט'ן אייגענעם ווילען נישט רעכענדיג זיך דערמיט ווי שווער דאָס זאָל נישט טרעפען די יודישע בעפעלקערונג... און דערביי אויך ציפרידענשטעלען די נישט־יודען פאר וועלכע עס איז זיכער בעקוועמער און אנגענעהמער וואָס ה' לעווי האָט זיי דעלעגירט דעם ה' יוסל קאָהן אין דער..... שול־קאָמיסיע און נישט דעם ה' ד"ר פעלץ.

אין די ווייטער האָבען אויפגעריסען די יודישע אחדות, געשטימט געגען די וויכטיגסטע יודישע אינטערעסען, נישט פרעגענדיג זיך פריהער ביי די איבריגע מיטגלידער פונ'ם קלוב פון יודישע ראטמענער, די מוזען יעצט זיין פערענטוואָרטליך פאר זייערע מעשים לגבי דער גאַנצער יודישער געזעלשאפט.

**א ראטמאַן.**

---

## ראדאָמער כראָניק

### געוו. דעפ. אינזלער און ה' גראַוויצקי אין ראדאָם

שבת דעם 18־טען ה. י. קומט פאָר אין קינאָ „קארסאָ א וואהל־מיטינג פון יודישען נאציאנאַלען בלאָק ביים בלאָק פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטען. אויפ'ן מיטינג וועלען אַרויסטרעטען געוו. דעפ. א. אינזלער און ה' גראַוויצקי פון וואַרשא.

דער מיטינג ווערט איינגעאָרדענט אויף ספעציעלע איינלאדונגען, וועלכע וועלען דיענען אלס איינטריט'ס־קארטען פאר די בעזוכער.

---

## א אָוועַנד לטובת א וויכטיגען וואָהלטעטיגען צוועק.

היינטיגען שבת צו־נאכט קומט פאר אין לאָקאל פון האנדוו.־קלוב א אינטערעסאנטער אָוועַנד, פון וועלכען די הכנסה געהט לטובת אַ זעהר וויכטיגען וואָהלטעטיגען צוועק.

אין פראָגראם פון קאָנצערט געהען אריין פערשידענע רייכע אטראקציעס און אינטערעסאַנטע נומערען ווי: געזאַנג מוזיק, דעקלאמאציעס, פאלעטיטענץ. ס'וועלען א חוץ דעם אויסגעפיהרט ווערען איינציגע איינאקטערס און סצענקעס פון יודישען טעאַטער־רעפערטואַר. די בעטייליגטע, וואָס בעשטעהען פון פערשידענע מוזיקאלישע און ארטיסטישע כחות, אָפּפערען זייער צייט און מיה בלויז פאר דעם זעהר וויכטיגען און וואָהלטעטיגען צוועק אָהן שום מאַטעריעלען נוצען פאר זיך.

ס'איז צו האָפען, אז דער אָוועַנד וועט צאָהלרייך בעזוכט ווערען און די הכנסה וועט זיין א בעפרידיגענדע אזוי, אז ס'זאָל ערמעגליכען די איינאָרדנער צו ערפילען זייער וואָהלטעטיגען ציעל, וואָס ברוין ביי יעדען ארויסרופען אנערקענונג אין דעם סימפאטישסטען גראַד.

---



Redaktor i Wydawca CH. M. HERC

Odbito we własnej drukarni, Radom, Szwarlikowska 20.